# I

עפשער אַ גאַנצע מינוט האָט דער הייזעריקער און פּאַראָס־טעטער שלאָס מיטן שליסל געראַנגלט זיך, ביז וואַנען אַ שווערע און מיט אייזן באַקלאַפּטע טיר האָט סאָפּקאָלסאָף איינגעשלונגען אָט דעם שוואַרץ־קעפּיקן און שטאָטיש־ריידנדיקן כאַקי־פּרענטש.

האָט ער, מיטלמאַן, טאַקע גלייך באַם אַריינגאַנג דערפּילט אַ שאַרפע פייכטקייט פון די הויכלאַכע און גראָווע ווענט און עפּיס אַ ווילדע און פּרעמדע פּוסטקייט איז געלעגן אינם שטילן און טונ־קעלן קאַמער. ווייל איצטער, באַטאָג, האָט דער קאַמער, קאַמער נומער דריי, אויסגעזעען ווי אַ ליידיקער און פּאַרלאָזענער שפּיטאָל, ווען די קראַנקע קריכן פון די בעטן אַרויס און לאָזן זיך אין לענגלאַכן און צוגענעצטן קאָרידאָר אַריין אַ ביין אויסגלייכן.

נאָר אַז שיטערע און געלבלאַכע האָר האָבן זיך אַנטקעגן אַ שאָקל געטאָן און אַ האַרטע באַאָדערטע האַנט געשפּאַרט, האָט מיטל־מאַן פּאַרנאַנדערגעקנעפּלט זיין כאַקי־פּרענטש און אַרויסגיזאָגט צו דער אייזן־אייוועלע:

—גאָר ניט אַזוי קאַלט דאָ באַ אייך.

דערויף האָבן די שיטערע און געלבלאַכע האָר דאַפּקע גאָר נישט ניט געענטפערט, נאָר מיט האַסמאָדע שייטלאַך האָלץ אין אייזן־אויוועלע געגומען שפּאַרן.

קנאַקן די אויסגעטריקנטע שייטלאַך, שטערן די שטילקייט און וואַרטן אויס, וואָס וועט דאָ פּאָרקומען: טוען די שיטערע און געלבלאַכע האָר זיך אַ קער אַהין, צום אונטער־סטעליע ווינקל צו,

אַט דאָרט, וואו שפּינוועפּס הענגט צושפּרייט ווי אַ שוואַרצע פאַר־רויכערטע שמאַטע, הויבן זיך עטלאַכע צונויפגעלעגטע פינגער אַרויף און אַראָפּ—צום שטערן און צום האַרץ — און גיבן צו פאַרשטיין:

אַז ביזן סאָף פונם בירגער־קריג....

דערשרעקט זיך מיטלמאַן און דער כאַקי־פּרענטש זיינער הויבט זיך אָן קנייטשן:

— ווענמען, פאַרוואָס ?...

שמייכלען די שיטערע און געלבלאַכע האָר און פאַרלאָזענע און גרינלעכע נעגל פלעכטן זיך איין אין קורצן און ויסגעקראָכענעם בערדל.

באַרואיקט זיך מיטלמאַנס כאַקי־פּרענטש און הויבט זיך שוין מער ניט אַרויף און אַראָפּ: זעצט ער זיך צו אַף אַ קורץ אָפּגעזעגטער שייט האָלץ האַרט נעבן אייזן־אויוועלע און וואַרימט גאָר אַ האַנט און רייבט זי אָט די האַנט, וואָס איז פון פראָסט און קעלט רויט און פלעקיג געוואָרן.

רייבט ער די האַנט און קוקט גאָר אַפּן הוילן פינגער, וואָס קוקט אויס אַנם גאָלדן־רינגעלע אַזוי פּאָשעט און פלאַך, מאַמעש ווי אַ געוויינלאַכע האַנט פון אַ טאָג־טעגלאַכן משאָרעס... פאַרדריסט דאָס אים טאַקע. לאָזט ער זיך הערן און גיט צו פאַרשטיין:

אַז דאָרטן, וואו מ'האָט בוילעט און דייטליך אין פּראָטאָקאָל פאַרצייכנט, אַז ער, מיטלמאַן, האָט אַ שטאַרקע און נאָענטע שאַיכעס צו דער אויפגעשטאַנענער און שוואַרץ־ערדיקער דאָרף, האָט מען דאָך באַ אים אַפילע דאָס גאָלדן רינגעלע צוגענומען, דאָס איינציק רינ־געלע, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן אַף זיינע אויסגעאיידעלטע און מאַניקיורטע פינגער:

ווי געפעלט אייך אַן איינפאַל, האַ ?

לאָזט זיך הערן דער פאָלקאָוניק, אָט דער געוועזענער פאָל־קאָוניק פונם סוינעס לאַגער, וואָס ליגט איצטער דורך טאָג און

דורך נאכט אונטערן גראָוון שינעל מאַנטל, קאָן זיך אַלץ ניט דער־וואַרעמען, אָטעמט שווער און אָפּט פון די קאַליע לונגען ארויס און זוכט אַלץ פּויזנדיקע ברואים די גרוים ווי אַ קאַנאַפּליע; לאָזט ער זיך הערן מיט זיין הייזעריקן און טעמפּן קאָל:

—פּכע...

פאַרשטייט ניט מיטלמאַן דעם פּאָלקאָווניקס הוסט: וואָס זאָל דאָס באַדייטן, אַ קראַנקלעכער הוסט, אָדער עפּשער אַ כאַ־שודיקער געלעכטערל? קערט ער אָפּ זיין פאַרוואונדערט פּאָנים צום גאַלעך צו, אָט צו די שיטערע און געלבלאַכע האָר און שטעלט אָן אַ פּאָר אויגן.

טוען זיך אַ שאָקל מיט ביטל די שיטערע און געלבלאַכע האָר אהין, צום פּאָלקאָווניק צו, גיבן אַ מאַך מיטן האַנט, אַזוי ווי אָט דער כוילע וואָלט שוין לאַנג אַ באַרמינען געווען און געבן צו פאַרשטיין מיטלמאַנען:

אז דאָ אין ווינקל איז דאָך אַ לייזיקע נאָרע פּאַראַן, גאָר אַ פרייע און פייכטע נאָרע. ס'איז מער ניט אַביסל גרינלאַך דאָרט, אין ווינקל, נאָר דערפאַר האָסטו אַ וואַנט נעבן זיך, וואו מ'קאָן, ערשטנס, אויפהענגען אַ פּוס־טיכל טריקענען און צווייטנס, טאָמער וו לכטו אַף קיינעם ניט קוקן, קערסטו זיך איבער מיטן פּאָנים צו וואַנט, טראַכסט וועגן יענעם זייט טויער גאָר און קוקסט און קוקסט ווי אַ וואַנץ, אַ טונקעלע און אַ געלאַסענע, קריכט פּאַמעלאַך און נאָכאַנאַנד גלייך צו דיר אין דיין שטרויענער קישעלע אריין...

רופט זיך אָפּ דער פּאָלקאָווניק:

— אַ וואַנץ, זאָגסטו? און עפּשער גאָר אַ לויז, אַ פעטע און אָפּגעפרעסענע טפיסע־לויז.

דערפילט מיטלמאַן אַ קרענקלעכע ענגשאַפט אין האַלז, מיט ער זיך אַ טרייסל פון עקל און שאָפלקייט מיט זיין גאַנצן און דאַר־

לאַבן גוף און דאָס מויל ווערט אָנגעפּלט פול מיט שפּאַיעכץ, אַזש ביז כאַלאָשעם.

דערווייל האָט זיך דורך די פאַרגראָטעטע און אונטער־סטעליקע פענסטער טונקלקייט אין קאַמער אַריין גענומען רייסן. ביז ס'איז גענוג גראָוו געוואָרן און צוביסלאַך און איינציקווייז, האָט מען זיך פון אַרבעט צוזאַמענקלייבן גענומען.

עסט דער אוילאָם דעם קאָרענעם און שוואַרצן אומזיסטן ברויט, וואָס ווערט אַלע אינדערפרי צוטיילט גלייך: סאַי דעם געוועזענעם שניט־קרעמער און סאַי דעם געלאָפּענעם פּאָלקאָווניק פונם פוינעם אַרמיי, און סאַי די פאַרוועלקטע און פאַרדאַרטע גאַלאָכים, וואָס האָבן אַ צייט נאָכאַנאַנד מיספּאַלעל געווען פאַר אַ ניצאָכן איבער די פּאָשעטע און געזונטע דאָרפס־יונגען, וואָס זיינען לכאַטכילע מיט אַ ביקסל הינטערן פּלייצע אין מילכאָמע מיטן פּריצ׳ישן זון זיך גילאָזן און איצטער פירן זיי גאָר, אַף שווערע און טאָג־טעגלעכע — אַהין, אויסן שטאָט. קאַמער נומער דריי אַף אַרבעט אַרויס, אַף שווערע און טאָג־טעגלאַבע אַרבעט

פּלאַפּלט עפּיס דער זודיקער און בלאָער טשייניק, דאָרט, אַפן אייזן־אייוועלע און וויל אַלץ ניט אַנטשווייגן ווערן און דאָ, באַם עסן, באַם לאַנגן און רויט באַפּאַרבטן טיש דערציילט גינזבורג דער שניט־קרעמער, וואָס אַרבעט איצטער אַפן ציגל־פאַבריק, אַז סאָף קאָל סאָף וועט דאָך די וועלט אַ נעם טאָן זיך פאַר זיי, וואָרום ס'קאָן דאָך ניט זיין, אַז אַ וועלט זאָל זיך פירן אָן אַ סיידער:

— ווי רעכנט איר, האַ?

שטעלט אַוועק דער גאַלעך זיין בלעכענעם טיי־קענדל, טוט אַ פיר מיטן דלאָניע איבער דעם געוועזענעם גאַלכעשן קאָפּ, וואו ס'איז נאָך פאַרבליבן, אַלס אַ שטיקל זיקאָרן, שיטערע און געלבלאַכע האָר און גיט צו פאַרשטיין:

אַז סאָף קאָל סאָף וועט דאָך די ברויט־געבעריש׳ע און שוואַרץ־ערדיקע דאָרף דערווייזן זיי, וואו יישער איז; וואָרום דער צוהאַוועטער און מעטושטעשער קראַך איז שוין דאָך טאַקע פונם דאָרף פעסט באַרינגלט און פאַרכאַפּט און נאָך אַ פּאָר טעג וועט דער קאַמער נומער דריי פראַנק און פריי ווערן...

בלאָזט דער גאַלעך מיט די גראָבע ליפּן דעם זודיקן טיי אין קענדל, זופט אַפּן קאָל די פאַרבלייבטע וואַסער און שוויצט מיט אַ ווילדער האַנאָע.

זיצט מיטלמאַו אין ווינקל, אַף זיין נאַרע דאָרט, קייט מיט די אַריינגעשטעלטע גאָלדענע ציין דעם פּאָלקאָווניקס פּאָרציע ברויט און טאַינעט:

אַז בענויגייע צו אים, צו מיטלמאַנען, איז מען דאָך באַגאַנגען אַ געוואַלדיקע אַוולע: וואָרום וואָס איז ער שולדיק, וואָס ער, אַ לייטישער מעניש, האָט אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט צווישן העל קעפּיקע און געוועזענע לייט, וואָס ציען זייער יעניקע פון אויפגעקומענע און באַלעבאַטישע דערפער און וואָס ווילן דעם פאַרגאַנגענעם אָוועק ניט פאַרגעסן.

—זאָגט אַליין, וואָס איז ער שולדיק?

ענטפערט אים אָבער קיינער ניט. שווייגט דער קאַמער. ווייל ווען מען אַרט עס, וואָס עפּיס אַ נייע אָנגעקומענער און אין אַ לייטיש כאַקי־פרענטש אָנגעטאָנענער האַלט אין איין טאַינען, אַז ער איז ניט שולדיק און איז אַריינגעפאַלן אַהער מאַמעש דורך אַ ביטערן טאָעס: עפּיס אַ משונעדיקע גלייבגילטיקייט הערשט אַרום, אַזוי ווי דער קאַמער וואָלט געווען גאָר אַ טראַנזיטנער וואָקזאַל, בא אַ גרויסער שטאָט, וואו אַלערליי פּאַסאַזשירן קומען אָן און ווערן נעלעם, באַווייזן זיך און ווערן מיט אַמאָל אומערוואַרטעט פאַרשוואונדן — ווילד פרעמדע, ווייטע און לאַבלוטן אומבאַקאַנטע...

פארקערט, גאנץ אָפט פילט דער קאַמער עפּיס א ווילדע האַ־
יַאַע און א באַזונדער באַפרידיקונג, ווען אַהער קומט צו פלוצלינג
און אומערוואַרטעט אַ נייער און מעוואולוועלער געפּעש.

א מיצווע אַף אים — טראַכט מען — זאָל ער אויך וויסן
געדענקען...

שרעקט מיטלמאַנען דאָס שווערע און גלייכגילטיקע אַרומיקע
שווייגן און ער קאָן אַליין ניט מאַסיג זיין, ווי אַזוי קאָנען דאָס
מענשן סמאָקן אַזוי רואיק און געשמאַק מיט די ליפּן דאָ, אין קאַ־
מער נומער דריי, ווען אַרום זיינען אַזוינע שווערע און שטיינערנע
ווענט, וואָס האַלטן באַצוימט און אָפּגעריסן פון דער גאַנצער און
גאָרער וועלט. פּרוּווט ער פאַרפירן א געשפּרעך, א לייטישן געשפּרעך,
וואָס האָט א שאַיכעס צו אָט די אַלע קאַמערניקעס:

אַז טאַקע, ווי מ'האָט אים, מיטלמאַנען, געבראַכט פונם פאַר־
קאָהעלשטן און שטיינערנעם שפּייכלער, וואָס האָט אַמאָל גינז־
בורגן באַלאַנגט, אַהער אין קאָנטאָר אַריין, אין דער קאָנטאָר־שריי־
בער האָט מיטן קאַסאָקע און שעלמישע אויג גיך און גאַנאָוויש א
שלייך געטאָ, יבער מיטלמאַנס כאַקי־פּרענטש, האָט ער, דער שריי־
בער, טייקעף פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט א לייטישן
מענשן און האָט מיט גרויסע און שפּיציקע אַמאַראַצישע ווערטער
אין בוך באַשיינפּערלעך באַוויזן, אַז מיטלמאַן, דער נאָך ניט גע־
מישפּעטער, ווערט זיך דערווייל געפינען אין א באַלעבאַטישער און
סאָכרישער סוויווע, טאַקע אינם קאַמער נומער דריי.

טוט זיך פלוצלונג דער פּאָלקאָווניק א הויב פון זיין אָרט,
באַווייזט אַרויס זיין שוואַרץ פּאַרוואַקסן און דאַר־פּאַרשפּיצט פּאָנים,
טוט א קוק אַף מיטלמאַנס לייטישן כאַקי־פּרענטש און טוט לעסאַף
דורך די ציין א שפּיי:

— סאָכרים, זאָגט איר? פּכע... שערבלאַך, צובראָכענע
שערבלאַך...

ווערן אַלע נישטיימעם פון אָט די פּאָשעטע און שפּיציקע זוערטער. ווייל מען אים עפּים ענטפערן, נאָר דער פּאַלקאָווניק ליגט שוין ווידער, און ווי אַלע מאָל מיטן גראָוון שינעל־מאַנטל איבערן קאָפּ געדעקט און אָטעמט שווער און גיך פון זיינע קאַליע לונגען אַרויס. סאָפּקאָלסאָף טוט דער גאַלעך מיט די שיטערע און געלבלאַ־כע האָר זיך פון ביינקל אַ הויב אויף, גייט צו צום פּאָלקאָווניקס באַרע, וואַרפּט מיט צונויפגעלייגטע פינגער עטלעכע גיכע און קרומע ציילאָמים און ציילאָמט איבער דעם לאַנגלעכן גענעץ, וואָס רייסט זיך בּאַ אים, באַם גאַלעך, פונם אָפּענעם און טונקעלן מויל אַרוס...

פילט זיך דער געוועזענער שניט־קרעמער עפּים שרעקלאַך דערשלאָגן און אַראָפּגעפאַלן פון דעם פּאָלקאָווניקס מעטושטעשע און האַרבע ווערטער.—עפּים פילט ער, אַז אָט דער קראַנקער און דעריקער פּאָלקאָווניק רייסט אַרויס באַ אים, באַ גינזבורגן—אָט מיט דער שוואַרצער און צוקאַמטער באָרד, דאָס לעצטע טרייסט און לאָזט נאָר איבער אַ שרעקלאַך פּוסטן כאָלאָל, אַ גראָוון און אַ הילפלאָזן, וואָס וועט זיך ציען און ציען, אַזש ביזן כאָף פונם בירגער־קריג. זוילט זיך אים האַגאַם מיט אַ וואָרט זיך טרייסטן, מיט אַ גוטער האָפנונג. פרעגט ער באַם שטאַטיש־רעדנדיקן כאַקי־פרענטש:

— זאָגט איר, אַז דאָרט, אין מיין געוועזענער און פאַר־קאָהעלשטער נאַבלע, אָט אין מיין געוועזענעם סביירע־שפּייכלער איז איצט געפּאַקט, מאַמעש ניטאָ וואו אַן עפּל פאַלן? מ׳כאַפּט דאָך אומשולדיקע נעפּאַשעס אַף רעכטס און אַף לינקס, אַף רעכטס און אַף לינקס....

מיינט מיטלמאַן, אַז אָט דער געוועזענער שניטקרעמער וויל עפּים אויסכיירעסן באַ אים, אַרויסגאַנווענען אַ פאַרבאַהאַלטענע מאַכשאָווע און צום סאָף אָפּן גאַלגל אַרויפבריינגען. ווער ווייסט זיי, היינטיקע מענשן? פּרואווט ער מיט אַ רואיק און געלאַסן קאָל געבן צו פאַרשטיין:

אַז ער, מיטלמאַן, איז לאַבלוטן ניט שולדיק, וואָס ער האָט אַ ברייטע און רייכע באַקאַנטשאַפט צווישן געוועזענע און העל־קעפיקע לייט; און אויב די דאָרף איז געוואָרן אויפגעבראַכט און האָט זיך אַ צעהיצטע אַפן קראַך געלאָזן, איז מיסטאָמע עפּיס יאָ דאָ. נאָר זאָל ער שלעכטס האָבן, אויב ער ווייסט פון עפּיס. וואָרום אַ ראַיע איז אייך, אַז מע האָט אים אין די אַבאָדים־קאַמערן אַפילע ניט אָפּגעפירט און פאַרזעצט גאָר אַהער, וואו כאָברעשע מענטשן געפינען זיך.

טרייסלט גינזבורג זיין „שטרייענעם זעקל־מאַטראַץ אויף, זעצט זיך אַוועק אַפן ברעג נאַרע, הויבט אָן אַראָפּציען דעם איינגען און אַקשאָנעסדיקן שטיוול. און שפּעטער אַהינצו, אַז די שטעכלדיקע שטרויעליך האָבן דורכן זעקל־מאַטראַץ דאָס לייב געקראַצט, האָט ער פון אונטערן קאָלדרע אַ פּאָר ווערטער ארויסגעוואָרפן:

— זאָגט איר, אַז די דאָרף וועט זיי ווייזן, וואו יישער איז? שוין צייט, לאַנג צייט!

ליגט מיטלמאַן בישכיינעם מיטן גאַלעך, דריקט די הילצערנע נאַרע מיטן דאַרלעכן זייט, כאַפּט אונטער גינזבורגס ווערטער און גיט וויכן אַפן גאַנצן קאַמער:

אַז די אַלע העל־קעפיקע, וואָס מ'האָט צוזאַמען מיט אים פונם פאַרקאָהעלשטן שפּייכלער געבראַכט, האָט מען דאָך אין די אַכאָדים־קאַמערן צוזעצט, אָט אינם אַלטן און פאַרלאָזענעם קאָרפּוס, וואו די קאַמערן ציען זיך איינע נאָך איינע, איינע נאָך איינע...

האָט אָט דער אָנזאָג אַלעמען מאַמעש דעם מייאַך אויפגעריסן; אזוי אַרום איז גינזבורג האָט זיך פון נאַרע אַ הויב געטאָן, אַ שטיק צייט נאכאַנאַנד און אַן אויפהער געאָטעמט און איינגעהערט זיך צום פּאָלקאָווניקס שווערן און קראַנקלאַכן שנאָרכען, דאָ אינם קאַמער נומער דריי. נאָר סאָף קאָל סאָף ניט אַיינגעהאַלטן זיך און אַ פרעג געטאָן כטאַם אין דער וועלט אריין:

— נו, וואָס וועט איר איצטער זאָגן ?

האָט טאַקע מיטלמאַן געשוויגן, ווייל ס'האָבן באַ אים פּאַטעט געדאַנקען אויסגעפּעלט. נאָר דער גאַלעך האָט זיך פון זיין נאַרע אויפגעהויבן, דורכגעבלייכט זיך דורכן קאַמער אין זיינע דאָרפּיש-לייוונטענע וועש, ארויפגעלעגט דריי לאַנגזאַמע און פּרומע ציילאָמים—איבערן פּאָנים און איבערן האַרץ—און האָט בעלאַכאַש אַ בעט געטאָן באַם שפּינוועבס, וואָס הענגט אין ווינקל אונטערן סטעליע :

— דער דאָרף העלף — דער דאָרף !

II

אַף ברייטע און צופּאָרענע שליאַכן, אַף פּראָסטיק שנייאיקע און ווייט לויפנדיקע, אָט דאָרט, וואו אַ ווינט לויפט אַרום פאַר־האַוועט און צודולט ווי אַ מיטעלער סייכער פונם ניט לאַנג פאַר־גאַנגענעם אָווער, האָבן פלוצלונג און פון העלער הויט זיך אויפגע־הערט אינגאַנצן די פורן צו ווייזן: אָט די פורן, וואָס זיינען מיט שווע־רע און בייכיקע זעקלאַך טוואוע אַ שטיק האַרבסט און אַ שטיק ווינטער דאָ, אַפן שליאַך, פון דאָרף צום קראַך זיך געצויגן, אַזש ביזן רעכטן באַן־סטאַנציע. זיינען טאַקע דאָ, אַפן באַן־סטאַנציע, רויטע סביירע־וואַגאָנעם מיט אָפענע מיילער געשטאַנען, געוואַרט גאַנץ אומזיסט אַף זעקלאַך טוואוע און געפילט זיך עפּים מאָדנע פוסט און פּאַס.

איז גינזבורגס פאַרקאָהעלעשט צוויי־שטאָקיק געביידע מיטן געשניצטן און געהויבענעם גאַנעק און מיטן פלאַטערדיקן סביירע קומאַטש מיט אַמאָל פאַרדעכטיק געוואָרן און האָט אַוועקגעשיקט אין דאָרף אריין עטלאַכע פעלענע רעקלאַך מיט געלע און שווערע נאַגאַן־שיידלאַך באַ דער זייט. זיינען אָבער אָט די רעקלאַך מיט אַמאָל און אונערוואַרטעט נעלעם געוואָרן, ביז וואַנען אַ פאַרבייגייער און אַ פאַרבייפאָרער האָט ערגיץ וואו אין אַ טאָל אָן אַ צושאָסענעם און צונעהרעקטן גוף זיך אָנגעשטויסן:

אַ שאַרפע און פאַרביסענע רעציכע האָט זיך אין סוויוועּ אַלץ מערער און מערער געשטאַרקט; און די אַרומיקע ברויט־געבערישע און שוואַרץ־ערדיקע דאָרף האָט זיך סאָף קאָל סאָף אין שווערע פעלצן באַפעלצט, איינגעוויקלט זיך אין היימישע און באַלעבאַטישע

וואָליקעס און געלאָזן זיך א צעהיצטע און אכזאָריעסדיקע אפּן
קראַך.

אַ צאַפּל געטאָן האָט זיך דער קראַך, געוואָרן עפּיס שטאַרק מעוואולוול און אויפגעהערט אין די גאַסן זיך ווייזן. אזוי ארום, אַז באַלד נאָך אכט האָט קיין לעבעדיקער נעפעש טיר און טויער שוין ניט פאַרלאָזן און מיט אַן אָנגעשטרענגטן פּאָנים, אזוי ווי באַ אַ טויבלאַכן, צו יעדן שאָרך זיך צוגעהערט.

האָט גינזבורגס צוויי־שטאָקיק און פאַרקאָהעלשט געביידע אָף די פאַרקאַנעם מיידאָעם צוקלעפּט, מיידאָעם מיט שאַרפע און ביילעטע אייסיעס אַף געלן פּאַק־פּאַפּיר, וואָס האָבן אין גאַס אריין דאָס אויער געגרילצט. און דאָ, אינם גרויסן און צעוואָרפענעם טפּיסע־הויף, האָט מען צוויי גרויסע און געלע עלעקטרישע לאָמפּן אויפגע־האַנגען, וואָס האָבן אין יעדן פאַרוואָרפן ווינקל העל און ליכטיק געמאַכט, געשיינט אַף דער גאַנצער סוויווע און צוגעגעבן, אָט דער שטיינערנער און פאַרצוימטער געביידע, אַן אויסזעען פון אַ געהויי־בענער און פעסטער דאַמף־מיל, וועלכע וואַרפט פון זיך ארוים הונ־דערטער און הונדערטער פּוד מעל.

געפעלט ניט מיטלמאַנען, אָט די גאַנצע מאַיסע. ביכלאַל האָט אים שוין דערעסן דאָס צאַפּלדיקע און קעסיידערדיקע אָנגע־שטריינקטקייט; אָט דאָס שטענדיקע וואַרטן, אז ווען ניט ווען וועט זיך דאָך פּאָרט איבערן לאַנגן און צוגענעצטן קאָרידאָר אַ קאָל דער־הערן, אַ צוצויגענער אָנזאָג, אַז מ'רופט אים, מיטלמאַנען, אהין, אין דער פאַרקאָהעלשטער געביידע, וואו מ'וועט זיינע טאַינעס אויס־הערן, אין פּראָטאָקאָל ביז יעדן וואָרט פאַרשרייבן און כאָף קאָל סאָף זאָגן אים איין וואָרט:

— גיי!

האָט ער זיך דערוויל אַף יעדן שיימער געוואָרפן, געמאַכט אַ שמייכלדיק פּאָנים און אַגעוו־אורכע געפרעגט:

— וואָס, ניטאָ נאָך קיין פּאַפּירל פון דאָרט?

מעסט אים אָפּ דער שיימער פון קאָפּ ביז די פיס, וואַרפט א קוק אפן לייטיישן כאַקי־פרענטש און לאָזט גאָר אַרויס א פוילן מויל רויך...

בלייבט מיטלמאַן אָפּהענטיק. עפּיס פילט ער זיך אזוי משוגע פוסט, און פּאַס, און ליידיק, אַזוי ווי אַן עלטערער מעשאָרעס אין די הייסע און שטילע זומער־טעג דאָרט אַפן קליינעם מערקל און לסאָף גייט ער צו צו גינזבורגן:

— נו?

גלעט גינזבורג געלאַסן זיין שוואַרצע און צוקאַמטע באָרד, אַזוי ווי אַמאָליקע יאָרן נאָך א צוהאַוועטן און זונטאָגדיקן לייזונג טאָג; קלאַפּט ער וואויל־ברודעריש מיטלמאַנען איבערן פּלייצע און גיט צו פאַרשטיין:

אַז טאַקע ניט מער ווי נאָך א פּאָר טעג, וועט אין גינזבורגס פאַרקאָהעלישט געביידע א גרויסער רעמאָנט זיך אָנהויבן און פונם געשניצטן גאַנעק וועט גינזבורג, מיט זיינע אייגענע הענט דאָס שטיקל סביירע קומאַטיש אַרונטעררייסן:

— וואָס זאָגט איר, האַ?

איז מען דערוייל אין די טעג אַף אַרבעט מיט א פאַרגרע־סערטן און פאַרשטאַרקטן קאָנוואָי געגאַנגען, אַזוי ווי מ'וואָלט זיי, אָט די ביזן־סאָף פונם בירגער־קריג אָפּגעמישפּעטע, ערגיץ אין אַן אַנדער שטאָט גאָר אָפּגעפירט. פּרואווט גינזבורג מיטן קאָנוואָי א געשפּרעך פאַרפירן: ציט ער אַרויס א הייפעלע מאַכאָרקע־טאַבאַק און שמייכלט מיט דער שוואַרצער און סאָכרישער באָרד. נאָר דער באַביקסלטער יונג טרעט מיט גרויסע און שווערע שטיוול, לאָזט א טיפּן סימען אַפן שניי און טראַכט גאָר וועגן געלאָדענעם ביקסל, וואָס הענגט בא אים הינטערן פּלייצע אַף א ברייטן און ברוינעם רימען...

און אין דרויסן האָבן גאַנצענע עטלאַכע טעג שאַרפע אוי
קאַלטע ווינטן געבלאָזן, ביז וואַנען אַ שניי, אַ פּראַקטיקער און אַ
געדיכטער, האָט אָט די ווינטן אַף אַ גאַנצן מעסלעס פאַרביטן, אָנגע־
וואָרפן גאַנצע סקירדעס שניי האַרט באַ די אַריינגאַנגען און פאַר
לאָרן שטעג און וועג.

איז טאַקע דאָרט, וואו סביירע־וואַגאָנעס זיינען איצטער מיט
אָפענע מיילער געשטאַנען און געפילט זיך מאָדנע פוסט און פּאַס,
האָבן באַנען גאַנץ פלוצלונג איבערגעהערט זיך ווייזן: אַנשטאָט איז
געוואָרן דער גאַנצער טראַנזיטנער וואָקזאַל און פאַרבלאָנדזשעטע נע־
פּאַשעס האָבן יאושדיק און לאַבלוטן אומזיסט אַף אַ צוג געוואַרט
און געפּרואווט אינם ניט געהייצטן קלאַס אַ גליד זיך דערוואַרעמען.

האָט דער מעוואָלוועלער קראַך לבאַטבילע צווישן זיך סיי־
רעסדיק עפּיס געמורמלט אין סאַף קאַל כאַף געקומען צו אַ פעסטן
און זיכערן אויספיר:

אַז אַ באַן שטעלט זיך קיינמאָל פון העלער הויט ניט אָפּ
און אַז די איבגעקומענע און באַפעלצטע דאַרף האָט דאָך רעלסן־
שנירלאַך אַף גאַנצע עטלעכע וויאַרסט צעוואָרפן.

כאַפּט אונטער גינזבורג דעם מעטווישטעשן אָפּקלאַנג, צו־
טראָגט איב איבער אַלע קאָרידאָרן און דרינגט אויס:

אַז ניט נאָר רעלסן, נאָר אַפילע דער וואָקזאַל, אָט דער גרוי־
סער און טראַנזיטנער וואָקזאַל, איז שוין דאָך אויך באַ זיי אין די
הענט.

געפּעלט דעם גאַלעך דער געלונגענער איינפאַל, שלעפּט ער
פון אונטערן נאַרע זיין קערבל אַרויס, ציט אַרויס זיין צוקנייטשטע
און אָפּגעבליאַקעוועטע ריאַגע, באַקוקט עס פון אַלע זייטן און לאָזט
וויסן דער גאַנצער קאַמער:

— אז נאָך גאָר א גאַנץ גוטע ריאַסע און מ'קאָן זיך נאָך אין איר, אַל קאָל פּאָנים, אין קלויסטער ווייזן, אַפּילע אין א כאָנע־טאָג.

פאַרלעגט מיטלמאַן זיינע מאַניקיורטע פינגער אין די הויזן קעשענעס אריין, שטעלט אויס וואַיל־באַכעריש זיין דערלאַכן בויך און אין קאָפּ פּלאָנטערן זיך גאַנץ ביילעטע געדאַנקען:

אז ס'וואָלט קיין אוולע ניט געווען און טאַקע קיין נארישקייט אויך ניט, ווען מ'וואָלט אים אהין, אין גינזבורגס פארקאָהעלשטן הויז אַרויסרופן, דייטלאַך און באַשיינפּערלאַך אַלע זיינע טאַינעס אין פּראָטאָקאָל פאַרשרייבן און פאַרן אַוועקגיין אונטערכאַפּן נאָר איין וואָרט:

— גיי!

ווייל ער אָט די געדאַנקען אַפּן קאָל אַרויסזאָגן: עפּנט ער אויף דאָס מויל, אַנטפּלעקט זיינע אריינגעשטעלטע גאָלדענע ציין, נאָר טוט לסאָף נאָר מיטן אויג א פינטל און לאָזט אָפּ מאַכטלאָז און אַראָפּגעפאַלן די אונטערשטע ליפּ, אַזוי ווי א מידער און פאַרהאָרע־וועטער פערד.

קאָן דער פּאָלקאָווניק אַלץ ניט מאַסיג זיין, וואָס קומט דאָ פאָר און פון וואָס ווערן דאָס לייט אַזוי ניספּאָעל. ווייל ער כאַפּן אַן אָפּקלאַנג, טאַקע ניט מער ווי אַף מיטלמאַנס פּאָנים און קומט צו א פעסטן באַשלוס: אַז זיינע קאַליע און דעריקע לונגן מוזן האָבן א סאַך פרישע און קאַווקאַזיישע לופט און אז אין קאַמער נומער דריי קאָן ער זיך נאָר דערלויבן אַרויסלאָזן א דומפּן און הייזעריקן:

— פכע...

דערווייל האָט עמיצער דורך נאַכט אַקשאָנעסדיק און גאַנץ שווער דעם שניי געריינעגט, אַזוי אַרום, אַז אַף מאָרגן צו טאָג האָט פון טפּיסע־טויער א ברייטע און גלייכע שטעג צום שליט־וועג גע־פירט, א שטעג פאַרן קאָנוואָי מיט געריינגלטע און באַהיטע יונגען.

און ווי שטענדיק, און ווי אלע מאָל האָט זיך היינטיקער פרי־מאָרגן צוגלייך מיטן מעשענעם אָנזאָג אין די קאמערן אריינגעדרונ־גען און אזוי געוויינלאך, און אזוי טאָג־טעגלאך אלעמען פון די נארעס אויפגעהויבן.

קייט מען מיט די באק־ציינער דעם קאָרענעם אָנבייסן, בריט דאָס זודיקע וואסער דעם גומען און מ'וואַרט אפן אָן נאָזיקן שיימער, וואָס וועט זיך באלד אין קאָרידאָר לאָזן הערן. נאָר דער אָן נאָזיקער שיימער האָט זיך היינטיקס פרימאָרגן אין די קאָרי־דאָרן דאפקע ניט באוויזן און אָנשטאָט זיין געוויינלאכן אָנזאָג:

— אַף ארבעט ארויס — האָט זיך גאָר צושפּרייט א קלאָרער און דייטלאכער קלאנג: אז א ארבעט וועט מען היינט דאפקע ניט גיין און אז אַף די טירן וועלן אפילע באטאָג גרויסע און פאראָסטעטע שלעסער הענגען.

וויל טאקע מ'יטלמאן פון גינזבורגן דערוויסן זיך, וואָס אזוינס זאָל דאָס באדייטן:

— רעפאָרמעס, הא ?

שמייכלט גינזבורג סיידעסדיק און באלעבאטיש אין זיין שווארצער באָרד אריין, שפּאצירט דורך אין זיינע לייַמיקע און צו־טראָטענע שיך איבערן קאמער ארום; טוט ער א שעלמישן ווינק צום גאלעך צו און נעמט זיך גאָר פאר זיין געלן טשעמאָדאנטשיק. לעגט ער זיינע כפייצים אין אים איבער, וואשט אויס גאנץ נישקאָ־שעדיק דאָס טשייניקל און בינדט אים צום הענטל פונם טשעמאָ־דאנטשיק צו. שטייט דער פארפאקטער טשעמאָדאן מיטן צוגעבונ־דענעם טשייניקל אפן ברעג נארע און האָט אָן אויסזעען פון גע־וויינלאכן באגאזש, ווען א פאסאזשיר קלייבט זיך פון „נאָמער“ צום וואָקזאל פאָרן.

איז דאָך אָבער מיטלמאן א מאָדנער היציקער מענש, מאָ־מעש קוועק־זילבער, קאָן ער זיך אלין ניט באַרואיקן פון אָט דעם

צאַפּלדיקן נייס און וויל זיך אָנשטויסן אַף גינזבורגס קאַוואָנע. האַלט ער זיך סאָף קאָל סאָף ניט איין, גייט צו צום באַגאַזש און קוקט אַרום גאַנץ אויפמערקזאַם דעם ווייסינקן אַליומינעוון טשיינילקל:

— אַ וואוילער טשיינילקל, גאָר אַ וואוילער טשיינילקל. פון אַ סערוויז, האַ?

שפּריצט דער גאַלעך פון די אָנגעבלאָזענע באַקן וואַסער אַפן דיל, זעצט אָפּ דעם אויפגעהויבענעם שטויב און הויבט אָן פון אַרונטער די נאַרעס אויסקערן.

ליגט גינזבורג אַף זיין נאַרע צוצויגן, האַלט די הענט אונ־טערן קאָפּ פאַרלעגט, טראַכט וועגן שאַרפע איניאָנים און קומט צו אַ פעסטן באַשלוס:

אַז אויב מ'לאָזט שוין ניט אַף אַרבעט אַרויס, טאָ דאַרף דער באַגאַזש זיין טאָמיד געגרייט...

הערט אויף דער גאַלעך דעם דיל קערן, בויגט אויס די מידע פּלייצע, טוט אַ האַנאָעדיקן זיפּץ און עפּעשער אַ הוסט — ווער ווייסט — און לעגט אַ גאַלעכעשן און אַלט פרענקישן ציילאַם אוועק, אַ רוהיקן און געלאַסענעם ציילאַם.

שפּעטער אַהינצו, היפּש נאָך וואַרמעס, ווען מ'האָט איבערן שנייאיקן און צעוואָרפענעם הויף טריט באַ טריט אַ גאַנצע האַלבע שאָ געשפּאַצירט און פּראָסטיקן לופט איינגעאָטעמט, האָט מען באַ־שיינפערלאַך דערזעען, אַז די גאַנצע געביידע איז אין אַ פאַרשטאַרק־טער שמירע פאַרשמידט און אַז קאָנוואָי לאָזט אַפילע נאָענט צום טויער ניט צו.

ווייל גינזבורגס ווייב פון יענעם זייט טויער דערוויזן, אַז זי האָט נאָר בעדייע דאָס פּעקעלע שפּייז איבערגעבן, אַז אין אָט דער ווייסינקער סערוועטל איז נאָר געווינלעכער שפּייז פאַרן מאַן, וואָס לייַדט פון אַ לאַנגיאָריקן און פאַרלאָזענעם קאַטאַר. איז דאָך

אבער דער טויער א הויכער און טאָמיד א שטרענגער און א גלייכ־גילטיקער, שווייגט ער—דער טויער, און דער קאַלטבלוטיקער שיימער שווייגט אויך; קוקט מיט זיינע אויסגעוועלקטע אויגן און שווייגט.

ווייל מען דאַך פונם געהילף דערוויסן, פאַרוואָס לאָזט מען קיין פעקעלאַך שפייז ניט דורך און וואָס קומט דאָ פאַר אַזוינס? שווייגט אויך דער געהילף: דרייט ער זיך גאָר אַרום אין אַלע קאָר־פוסן, קוקט אַריין אין אַלע קאָרידאָרן און ווייזט דער גאַנצער מע־טושטעשער טפיסע, אַז דאָס גאַנגאַן־שיידל זיינס איז אַ גאַנץ היפשע און שווערע שיידל.

זיינען באַ די אַבאָדים־קאַמערן אינם אַלטן קאָרפוס באַ־ביקסלטע יונגען הין און צוריק געטראָטן, אונטערגעקלאַפט אינם פראָסטיקן ערד מיט דער פרירנדיקער פוס און געקוקט אין שעטאַך אַריין מיט אַזוינע געוויינלאַכע און פלאַכע פעני־מער, אַזוי ווי אָט די פאַרשטאַרקטע שמירע וואָלט געהיט עפּיס אַ געוויינלאַכן און אַלטן צעבהויז...

---

III

א שטיק אין אָוונט האָט דער קאַמער נומער דריי אַ גאַנץ קלאָרן און זיכערן נייס אונטערגעכאַפּט:

אַז יענע העל־קעפּיקע און ליטישע יונגען, וואָס זיינען גאַנץ באַזונדער און איינזאַם אין די אכאָדים־קאָמערן נאָכאַנאַנד עטלעכע טעג געזעסן, האָט אַ לאַנגלאַכע און שפּיציקע קויל געטראָפן:

אַלע ביז איינעם!

האָט מיטלמאַן אָפן פּלוצלונגן און ניט דערוואַרטעטן נייס קיין וואָרט ניט געענטפערט, נאָר עפּיס מיט אַ ווילדער האַנאָע אָפן זודיקן אויוועלע אַ שפּיי געטאָן און געוואַרט עפּשער אַ גאַנצע מינוט, ביז דאָס שפּייעכץ וועט אויסזידן און געוואָלט נאָך אַמאָל אַ שפּיי טאָן, נאָר סאָף קאָל סאָף איינגעהאַלטן זיך, מאָדנע גיך מיטן מויל אַ קרים געטאָן, פאַרזשמורעט אַן אויג און וועגן עפּיס גאַנץ ערנסט אַ טראַכט געטאָן.

באַמערקט דאָס דער גאַלעך: וויל ער אַ הויב טאָן דריי צונויפגעלעגטע פינגער צום שטערן און צום האַרץ, נאָר גאַנץ הילפלאָז לאָזט זיך דאָס רעכטע האַנט אַראָפּ—פלעכטן זיך די פינגער פון ביידע הענט צונויף, טוען אַ הילכיקן קנאַק און אַ באַמערקונג רייסט זיך באַ אים אַליין פון זיך אַרויס:

—אָה וואַ, מ'שיסט!

טוט זיך מיטלמאַן מיט זיין גאַנצן כאַקי־פרענטש אַ טרייסל און ווערט צושראָקן:

—וועמען, פאַרוואָס?

באהעפט זיך דער קאמער אין א שטילן און שווייגנדיקן
פינף מינוט און קיינער באמערקט גאָר ניט, ווי אזוי דער פּאָלקאָווניק
האָט זיך פון זיין נארע גאנץ שטיל אויפגעהויבן, געבליבן זיצן ווי
א בלייבער פלעק אפן היפּש טונקעלען וואנט און ארייגעזאָגט אין
פּוסטלאכן כאָלאָל פונם קאמער נומער דריי:

— שערבלאך, שטיקלאך שערבלאך!...

אָטעמט ער אָפּ עטלעכע מאָל גאנץ שווער און טיף און
בלייבט מיט זיין פארלאָזענער העמד דאָס היפּש טונקעלע וואנט.

דערפילט גינזבורג א שרעקלאך וועטאָג אין די שלייפן, עפּיס
אזוי ווי עמיצער וואָלט מיט קליינע און שארפע האמערלאך גיך־
גיך געקלאפּט אין זיי. רעדט ער ארויס אין א צוצויגענעם און געהע־
בערטן טאָן:

—פּאָלקאָווניק, שווייגט. פּאָלקאָווניק!...

רייסט זיך אָפּ מיטלמאַן פונם אויוועלע, גייט צו גאָר נאָ־
הענט צו גינזבורגן, קוקט אים אָן גלייך אין פּאָנים אריין און דערזעט
אפן פּאָנים עטלאכע טיפע און איינגעגעסענע קנייטשן—גאנץ
היפּשע קנייטשן און צעוואָרפענע גראָווע האָר אין גינזבורגס שוואר־
צער און צוקאמטער באָרד.

דערפילט מיטלמאַן א טיפן און נאָענטן ראַכמאָנעס אָט צו
דעם געוועזענעם שניט־קרעמער; וויל ער אים האגאַם מיט א גוט
וואָרט טרייסטן, מיט א מונטער וואָרט. זוכט ער אים, דאָס וואָרט
בא זיך אין די געדאנקען, גריבלט ער זיך גאנץ ערנסט און רעדט
לסאָף ארויס:

— פּאָלקאָווניק, שווייגט. פּאָלקאָווניק!...

ענטפערט זיי אָפּ דער פּאָלקאָווניק נאָר מיט איין טרוקענעם
און דעריקן הוסט:

— פּכע...

הערשט ארום אַ אָנגעשטרענגטע שט לקייט, אזוי ווי אין, אַ פאַרלאָזענעם און לעדיקן צימער. מער ניט דאָס אויוועלע לאָזט ארויס אַ טרוקענעם קנאַק פונם פלאַמענדיקן שייטל האָלץ און וואַרפט ארויס גלייך אפן דיל געלבלאַכע פלעקן דורך די לעכלאַך פוּנם טירל.

רייסט איבער דאָס שטילקייט אַ גיכער און מעוואָלוּלוּנער גלאָק־אָנזאָג, אַ מעשענער און הילכיקער קלאַנג—אַט דער זעלבער גלאָק אָנזאָג, וואָס לאָזט זיך הערן מיט אַ גוואַלדיקער אַקשאָנעס אַלע אָוונט, אַלע אָוונט און גיט צו פאַרשטיין: אַז באַלד וועט איי־בער די קאָרידאָרן אַ געלויפעריי ווערן און שטאַרקע און זאָרגלאָזע יונגען וועלן גאַנץ שווערע און אייזערנע קיילים ברענגען, פון וואַנען אַ דאַמף, אַ געדיכטער און אַ גראָווער, וועט אינדערהויך ארויפשטייגן און וועט געבן צו פאַרשטיין:

אַז אָט די אַכילע, וואָס טיילט זיך טאָגטעגלאַך, איז דאָך אָנגעגרייט מיט גלייכע כאַלאָקים פאַר אַלע, פאַר אַלע פאַרצוימטע און אָפּגעזונדערטע קאַמערניקעס...

עסט אָבער ניט דער קאַמער נומער דריי, עפּים עסט זיך היינט ניט: קריכן פאַנטאַסטישע און גרויזאַמע געדאַנקען אין קאָפּ אריין און ציען אַלע מאַכשאָוועס אהין, צום אַלטן קאָרפּוס, וואו די אַכאָדים־קאַמערן גייען איינע נאָך איינע, אייע נאָך איינע.

בלייבן טאַקע די בלעכענע שיסעלאַך האַלב פולע שטיין, קילן אָפּ אַליין מערער און מערער און וואַרטן עפּים אויס.

סאָף קאָל סאָף איז דער געהילף מיטן אָן נאָזיקן שיימער גע־קומען. אָט דער זעלבער געהילף, וואָס שלעפּט זיך נאַכט איין און נאַכט אויס איבער די קאַמערן ארום, קלינגט אזוי הויך און כוצפּע־דיק מיט די לאַנגע און שווערלאַכע שליסלען, ציילט איבער יעדן באַזונדער, פאַרשרייבט מיט אַ שטיקל קרייד אפן טיר און ווערט מיט אמאָל נעלעם.

ווײל דאָך אָבער גינזבורג נײַס װיסן און ביכלאַל דערקונדיקן
זיך. טוט ער אַגעװו־אורכע באַם ׳שײמער אַ פֿרעג:

— זאָגט איר, אַז די באַנען גײען שױן װידער?

ענטפֿערט אים גאָר דער ׳שײמער ניט, טוט אַ הױב דאָס
לאַמטערן גלײַך צו גינזבורגן אין פּנים אַרײַן, טוט זיך אַ דרײ אַפּן
אַפּצאַס און לאָזט הערן אַ טומפּן און צװײענדיקן קנאַק מיטן שלאָס
פֿון יענעם זײַט טיר.

גײט צו גינזבורג צום טיר, טוט איר אַ שטופּ, דערקונדיקט
זיך אַף זיכער, אַז די טיר איז פֿאָרט פֿעסט פֿאַרשלאָסן, זאָגט ער אָן
מיט אַ געפֿאַלענער און יאושדיקער שטים:

— און צו האַרבסט איז נאָך אַזױ װײַט, אָט צום האַרבס־
טיקן יאָמטעװ, װען אַמניסיטע װעט זײַן...

׳שרעקט דעם גאַלעך אָט דער געפֿאַלענער קאָל גינזבורגס,
װילט זיך אים עפּיס אַ טרײסט־װאָרט אַרײַנשטעלן, אַזױ, אַז
ס׳זאָל עפּיס פֿרײלאַכער װערן. פּרואװט ער אָנהױבן:

— אַמניסטיע, אַ װאױלע זאַך אַמניסטיע...

רײַסן זיך אָבער די װערטער איבער, צושװימען איבערן
גאַנצן קאַמער און בלײַבן אומבאַמערקט, װי דאָס גאַנצע גראָװקײט
דאָ.

האָט טאַקע דער גאַלעך זײַן אַלטלעכע און צוקראָכענע
ריאַסע אױסגעטאָן, צום ׳שלאָף געגרײט זיך און דערװײל טונקעלע
און פֿױזנדיקע ברואים געזוכט, ברואים דאָס גרױס װי אַ קאַנאַפּליע...

ליגט מיטלמאַן אַף זײַן װינקל־נאַרע, דרײען זיך אַרום באַ
אים אין קאָפּ אָפּענע און מעװאולװעלע געדאַנקען. װײל ער אָט די
געדאַנקען באַהעפּטן עפּיס אַף אַ װיכטיקן איניען. הערט ער נאָר,
װי דאָרט באַם טיר אין װינקל, אָט באַ דער אײַזערנער בײס־האַקיסע
קײלע קראַצט נאָכאַנאַנד און אָן אױפֿהער אַ היפּשע און אָפּגעפּרע־
סענע מױז דעם דיל אַלין ׳שטאַרקער און שטאַרקער. טוט אים דאָס

עמעסדיק האַנאָע, וואָס האָגאָם איין לעבעדיק באַשעפעניש שלאָפט ניט דאָ, אינם נאַבטלאַך גראָוון און פייכטן קאַמער, אָט אינם קאַמער נומער דריי, וואו ס'געפינען זיך סאָברעשע און אָנשטענדיקע לייט פונם ניט לאַנג פאַרלאָפענעם אוועד.

שטרענגט ער אָן דאָס אויער און וויל נאָכן אָטעמען אָנשטויסן זיך: שלאָפט דער קאַטער, אָדער מ'מאַכט זיך נאָר שלאָפנדיק, נאָר בעעמעסן ליגט מען גאָר מיט אָפענע אויגן אינם טונקלקייט אריין און די געדאַנקען דרייען און פלאָנטערן זיך ארום דעם אַלטן און פאַרלאָזענעם קאָרפוס; צוהיצטע און אָנגעשטרענגטע געדאַנקען, וועלכע מ'האָט מוירע פאָשעט פאַר זיך אַליין אַפן קאָל אַרויס־ברייננגען.

און מיט אַמאָל פאַרכאַפּט דעם מייאַך אַ גיכע און לאַבלוטן אומערוואַרטעטע מאַכשאָווע:

— וואָס איז אַזוינס טויט, האַ?

דערמאָנט ער זיך:

אַז אַמאָל, אָט אין יענע גוטע יאָרן, ווען ער איז נאָך אַלס רייזנדער פון אַ לאָדזשער סאָכרעשער פירמע מיט פעקלאַך מוס־טערן איבערן לאַנד אַרומגעפאָרן, האָט ער, אונטערוועגנס, אין וואַ־גאָן עפּיס אַ גרויסן ראָמאַן געלייענט, גאָר אַן אָנגעשטרייגטן ראָ־מאַן, וואו דער שרייבער האָט אַ סאַך און אַף אַלע אויפאַנים וועגן טויט גערעדט, געגריבלט זיך אין דער מענשלאַכער נעשאָמע און האָט אַזוי ביילעט אַלץ פאַרן אויג געשילדערט.

רייסט זיך באַ אים אַרויס גאַנץ פּלוצלונג אַ פראַגע:

—גינזבורג, איר האָט אַמאָל געלייענט דאָסטאָיעווסקען?

דערפליט צו מיטלמאַנס אויער אַ שאָרך פון גינזבורגס מאַטראַץ און טאַקע באַלד עפּיס אַן אונטערברומען פון אַן אַווידע־ניגנדל.

הערט זיך איין מיטלמאַן צו דעם אַמאָליקן און גאָר ווייטן אווײדע־ניגנדל: פאַרגאַנוועט זיך אַ ראַכמאָנעס־געפּל באַ אים צו אָט די אַלע קאַמערניקעס און אין קאָפּ באָמבלט זיך אַלץ מיט אַ שטייפער אַקשאָנעס איין און איינציקער געדאַנק:

אַז ס'קאָן ניט זיין, אַז אויך אים, מיטלמאַנען, זאָל טרעפן אַ לאַנגלאַכע און שפּיציקע קויל:

— וואָרום, וואָס איז ער שולדיק, הא?

ווערגט אין האַלז דאָס גרינלאַכע פייכקייט, וואָס טראָגט זיך פון ווינקל־וואַנט. פאַרפעלט אָטעם, אַזוי ווי אין אַ פאַרמאַכטן און פינסטערן קעלער. שלייכט ער פון נאָרע אַרונטער, טרעט מיט שטילע און באָרוועסע פיס איבערן קאַלטלאַכן דיל און שפּאַרט זיך אָנם וואַנט אָן. פאַררייסט ער דעם קאָפּ צום פאַרגראַטעטן און אונ־טער סטעליקן פענסטערל, פאַרכאַפּט דאָס אויג נאָר אַ שטיק כיישעך. מער ניט צום אויער דערטראָגט זיך אַ טרוקענער און הילכיקער אָפּקלאַנג פון אַ שאָס ערגיץ אין דרויסן. הערט ער זיך צו מיט אַן אַקשאָנעסדיקער אָנגעשטריינגטקייט צום הילכיקן הוסט אינם שטעאַך אַריין און קומט צו אַ סאָף קאָל סאָפיקן אויספיר:

אַז אַלע זיינען נאָענטע און העלקעפּיקע באַקאַנטע, וואָס האָבן פונם אויפגעקומענעם און ברוטגעבערישן דאָרף יעניקע געצויגן—האָט דאָך אַזאַ קורצער און טרוקענער אָפּקלאַנג געטראָפן, אַ הילכיקער און צוקייקלטער אָפּקלאַנג:

אַלע ביז איינעם!...

צאַפּלט אַ געדאַנק אין מייאַך און דאָס אויג שטעלט זיך פאָר:

אַז ערגיץ דאָרט, אַהינטערן פאַרפרוירענעם און פראָסטיקן, טייך, אָט וואו שניי סקריפּעט אַזוי געוויינלאַך און רוהיק, זיינען פיס געגאַנגען אַלץ אַהין און אַהין, ביז וואַנען פון העלער הויט און מט אַמאָל האָט אַ גיכער און פעסטער אָפּקלאַנג דעם אוועק דורכ־

געשניטן. אַ צאַפּל געטאָן האָט די לופט. האָט דאָס ליב אַ בריי־
געטאָן און אַ וואַרעמער און קלעפּיקער שנ־רעלע פּייכטקייט איז
פון די האָר אַרויס און גלייך אַפן הוילן האַלז גערונען...

דערשרעקט זיך מיטלמאַן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען.
טוט אַ שוידער דאָס גאַנצע ליב זיינס, אַזוי, אַז די פּיס דערפילן
אַ שאַרפע קאַלטקייט פונם שטיינערנעם דיל. טאַפּט ער דעם קאָפּ
מיט זיינע אויסגעאיידלטע און מאַניקיורטע פינגער׳ און רעדט
אומישנע אַפן קאָל גאַנץ הויך אַרויס:

— טרוקן, גאָר טרוקן! וואָרום, וואָס בין איך שולדיק,
האַ?

שרעקט זיין אויסגעשריי דעם גאַנצן קאַמער איבער, אַזוי,
אַז אַפילע די אָפּגעפרעסענע מויז הערט אויף אַף אַ ווײַלע דעם
דיל קראַצן. און דער גאַלעך, וואָס האָט קימאַט גאַנץ געשמאַק גע־
שלאָפן, כאַפּט זיך אויף אַ מעוואולוועלער, לעהענט זיך אָן אַפן
איילנבויגן און רעדט אַרויס צו מיטלמאַנס נאַרע:

—שולדיק? קיינער איז דאָך ניט שולדיק.

טרעט אַרויס באַ מיטלמאַנען אַ קאַלטער און נאַסער שוויים
אַפן שטערן. וויקלט אים אַ שאַרפע קעלט אַרום און ער האַלט אָטעם
איין.

און פון דרויסן, אָט פון אַהינטער די כיישעבדיקע און פּראָס־
טיקע פענסטער האָבן זיך אַהער אין קאַמער אַריין אָפּקלאַנגען פון
טריט דערטראָגן—פעסטע און זיכערע מאַכנע־טריט פון אַרמייאישע
שטיוול, וואָס זיינען צום דאָרף געגאַנגען מיט שטרענגע און האַרט־
נעקיקע פּענימער, קעדיי אַ טעל מאַכן פונם ברויט־געבערישן און
באַפּעלצטן דאָרף, וואָס האָט אַלץ דעם קראַך מיטן פאַרלאָפענעם
אָווער געשראָקן.—

שטרענגט אָן די קאַמער נומער דריי די אויערן אָן; הערט מען זיך צו צום פּילפּיסיקן און זיכערן טראָט דאָרט, אין דרויסן. פילט דער גאַלעך גינזבורגס שווערן און נאָכאַנאַנדיקן אָטעמען, אַזוי ווי אָט דער גינזבורג וואָלט מיט אַ פענכער אַפן קאָפּ געלעגן, ווילט זיך דעם גאַלעך אַ וואָרט אַרויסזאָגן, אַ וואַרעם און פריינטלאַך וואָרט. רעדט ער אַרויס:

— שולדיק? קיינער איז דאָך ניט שולדיק.

זעצט זיך אויף דער פּאָלקאָווניק, בלייבט מיט זיין פאַרלאָזענער העמד דאָס היפּש טונקעלע וואַנט, אָטעמט ער מיט זיינע דעריקע און קאַליע לונגען אָפּט און גיך און לאָזט אַרויס אַ הייזעריקן און דומפּן:

— פּכע...

---

מאסקפראפבילד — אידגעזקאם.

—o—

# אידישע פאליגראפישע שול

מאסקווע,

טווערסקאיע גאס, מאמאנאווסקע געסל 2

פירט אויס אלערליי דרוק-ארבעט
אין אידישע און רוסישע שפראכן.

בא דער שול איז דא אנ-
איינבינדעריי-אפטיילונג.

די באשטעלונגען ווערן אויסגע-
פירט פינקטלאך און ראיעל.

# נייע ווערק פון **מוישע טייטש**.

<u>ס׳זיינען דערשינען:</u>

1. כראָניק-בוך. (פּאעמע אין דריי טיילן).
2. אָקטאבר-פרייד. (לידער)
3. טעג אן דיר. (קליינע פאעמען).

